ערנעסט טאמפסאן סעטאן.

№ 9.

# דאס לעבן פון די חיות

III

## בינגא

(א געשיכטע פון א הונט)



איבערזעצט דורך ס. קאנטאר

ארויסגעגעבן לויט דעם אויפטראג פון דער צענטראלער שול-ארגאניזאציע פון פוילן, ליטע און ווייסרוסלאנד אונטער דער רעדאקציע פון יעקב פאט




ביאליסטאק 1920.

דרוק מ. טרושענסקי, ביאליסטאק.

ערנעסט—טאמפסאן—סעטאן.

# בינגא

(א געשיכטע פון א הונט)

איבערזעצט דורך סאניע קאנטאר.

פארלאג
„דאס בוך"
ביאליסטאָק.
1920

# ב י נ ג א.

(א געשיכטע פון א הונט)

געװען איז דאס אנהויב נאװעמבער 1892; אין מאניטאבא האט זיך נאר װאס אנגעהויבן דער װינטער מיט שטארקע פרעסט. נאכן פרישטיק בין איך געזעסן אנגעשפארט איבן שטול און האב זיך טרוימעריש געחוירעם, ארויסקוקנדיק פון מײן פענסטער אויף דער שטיק פרעריע פאראויס. דערנאך איז מײן בליק געפאלן אויף דעם אלטן געמעלדע ,,בינגא, דער הונט פון פראנצװיר' װאס איז געװען אנגעקלעפט אויף דער װאנט.

איך בין אבער פון דער טרוימערישער שטימונג פלוצלונג ארויס, װען איך האב דערזען א גרויסע גרויע חיה, װאס האט זיך געטראגן איבער דער פרעריע גלײך צום שטאל. אים איז נאכגעלאפן א קלײנע שװארץ־װײסע חיה.

—,,א װאלף!״—האב איך אויסגעשריגן,—און ארויסכאפנדיק מײן ביקס, בין איך ארויסגעלאפן פון שטוב העלפן דעם הונט. אײדער איך בין אבער צוגעלאפן צום שטאל, האבן זיך שוין די בײדע חיות פארבײגעטראגן צוריק. אפלויפנדיק נאך א פאר טריט איבערן שנײ, האט זיך דער װאלף אפגעשטעלט און אויסגעדרײט צום קאמף. דער הונט פון אונזער שכן ,,קאלי״, (א שאטלענ־

געלאפן צו דער פערמע, וואו ער האט ווי עס ווייזט אויס פאר-
לאזן דעם באלעבאס, דערזעענדיק דעם וואלף.



1. דער הונט מיידט אויס דעם אנגריף פון וואלף.

רישער שאפהונט), האט זיך אנגעהויבן צו דרייען ארום וואלף, אפוואַרטנדיק א פאסיקן מאמענט צום אנגרייפן. איך האב אויס-געשאסן פון דערווייטנס צוויי מאל; דער הונט מיטן וואלף האבן זיך ווידער א לאז געטאן אין ווייטער ווילדן געיעג איבער דער פרעריע. דער הונט האט באלד דעריאגט דעם וואלף, האט אים א ביס געטאן אין זייט און איז ווידער אפגעשפרונגען, פארהיטנדיק זיך מיט די שטארקע ציינער פון דער דערצארנטער חיה. נאך א קורצן קאמף האבן זיי זיך ווידער געלאזט לויפן. דאס האט זיך איבערגעחזרט כמעט יעדע הונדערט טריט. דער הונט האט זיך באמיט צו צושרייבן דעם וואלף צו א מענטשלעכער וואוינונג, און דער וואלף האט אנגעשטרענגט אלע זיינע כוחות כדי צו צולויפן צו דעם הייסן פאס פון וועלדער אויף מזרח-זייט. ענדלאך, ווען די געגנער זיינען שוין אפגעלאפן א מייל, האב איך זיי דעריאגט. דערפילנדיק א הילף, האט דער הונט זיך געווארפן אין לעצטן אנטשיידנדיקן קאמף.

אין א ווײַלע ארום האט זיך דאס קנײַלכל פון צווייע צו-זאמענגעפלאנטערטע חיות פאנאנדערגעוויקלט. איך האב דעריען דעם וואלף. אויף זיין רוקן איז געזעסן דער פארבלוטיקטער הונט און האט פעסט געהאלטן דעם גרויסן פארן נאקן. אצינד בין איך צוגעלאפן און פארענדיקט דעם קאמף פון די חיות מיט א געלונ-גענער קויל דעם וואלף אין קאפ אריין.

דערוועגנדיק, אז זיין געגנער איז שוין טויט, האט דער אונ-ערמידלעכער הונט שוין מער ניט געקוקט אויף אים. ער איז אוועק-

דער געדיכט „בינגא, דער הונט פון פראנצויז" איז געווען אײנג פארבונדן מיט מײן באקאנטשאפט מיטן הונט, אז מיר האבן אים געגעבן מיט אלע געהעריקע צערעמאניעס דעם נאמען—בינגא.

---

## II.

דעם גאנצן ווינטער האט בינגא פארבראכט אין אונזער שײַער, דארט האט ער געלעבט ווי א יונג, שטיפעריש, זאט היני־טעלע, וואס פלעגט זיך אנעסן אן א שיעור און וואס פלעגט ווערן פון טאג צו טאג גרעסער און שווערער.

בײַנעריק איז ער געווען אן א מאס. אפילו די ביטערע ערפארונג האט אים נישט אנגעלערנט צו האלטן דעם נאז ווײַט פון דער מויז־פאסטקע, אלע זײַנע באמיהונגען צו פארבינדן פרײַנטלאכע באציהונגען מיט דער קאץ האבן געהאט א פולקי טענעם" דורכפאל, און האבן זיך סוף כל סוף געענדיקט מיט א באוואפנטן שטילשטאנד.

אין א קורצע צײַט ארום האט בינגא, וואס האט זיך אויס־געצײכנט פון קינדווײַז אן מיט דער זעלבסטשטענדיקײַט פון זײַן נאטור, י הערפילט א נײַגונג צו געלטיקן אין פערד־שטאל. פארביטן האט ער דעם שײַער אויפן שטאל און האט לחלוטין אויסגעמיטן די שטוב.

דאס איז טאקע געווען א שטארקער הונט. ער וואלט זיך אן מיר אויך אן עצה געגעבן מיטן וואלף. ווי איך האב זיך שוין שפע־טער דערוואוסט, פלעגט ער אפט פטרן וועלף, הגם דער קלענ־סטער וואלף איז א סך גרעסער פון אים.

דער העלדישער מוט פון הונט האט מיך פשוט אנטציקט.

איך האב באשלאסן אים אפצוקויפן, וויפיל ער זאל מיר ניט קאסטן. ווען איך האב אבער, געוואלט מושוה ווערן האט מיר זיין באלעבאס א פרעג געטאן:

— „וואס ארט אייך, אז איר וועט קויפן זיינס א קינדז”

פרענק—אזוי איז געווען דער נאמען פון הונט,—איז ניט געווען צום פארקויפן. איך האב זיך געמוזט באנוגענען בלויז מיט אן אפשטאם פון דעם בארימטן הונט. דאס איז געווען א קליינער קיילעכדיקער הינטעלע בארעקט מיט א שווארצן הייכן פעל. ער האט אויסגעזען גיכער ווי א בערעלע מיט א לאנגן וויידל, איידער א הונט.

פונדעסטוועגן האט ער געהאט די זעלבע ברייטע פלעקן, ווי זיין פאטער, אויך א כאראקטעריסטישן ווייסן רונג ארום דעם מויל. די קליינע סימנים פון ענלאכקייט צו זיין פאטער האבן מיר דערלויבט פאראויסצוזען זיינע צוקונפטיקע העלדישע מעשים.

באקומענדיק דעם הונט, האב איך אנגעהויבן צו קלערן, ווי איך זאל אים אנרופן. די פראגע האב איך שנעל געלייזט.

בינגאס מעשים; ווייל ער פלעגט ניט דערלאזן דער קו צו פארקריכן חיים אין פעלד. באלד אבער האבן מיר זיך איבערצייגט אז די קו דערעסט ניט. זי איז געווארן טאנער, פארלאזן און האט געגעבן פין טאג צו טאג ווייניקער מילך, אפילו אויף איר געמיט האבן בינגאס מעשים געהאט א גרויסן איינפלוס, זי איז געווארן נערוועז און פלעגט קוקן מיט שרעק און האס אויף דעם הונט. אינדערפרי פלעגט זי זיך אומעטיק האלטן נאנט צום שטאל כדי אויסצומיידן בינגאס פארפאלגונגען.

דאס איז שוין געווען צופיל, אלע באמיהונגען אפצושוואכן בינגאס התמדה זיינען געווען אימזיסט. ס׳האט גארנים געהאלפן. מיר האבן געמוזט א סוף מאכן צו בינגאס שפיל. נאך דעם שוין האט ער זיך נאך נים אויפגעהערט צו אינטערעסירן מיט דער קו. ער פלעגט שטענדיק ליגן פארן שטאל, אין דער צייט פון מעלקען, הגם ער האט שוין פארלארן די העזה זי ארומצויאגן.

דער זומער איז געקימען און האט געבראכט מיט זיך דעם שרעקלאכן פלאג—די מאסקיטן. נאך אומדערטרעגלאכער פון די מאסקיטן זיינען פאר א מענשן, וואס מעלקט א קו די אומאויפהערלאכע, בייזע באוועגונגען פון איר וויידל.

מיין ברודער, פרעד, וואס האט זיך פארנומען מיט דעם מעלקן, איז געווען אויף אזוי פיל אומגעדולדיק, ווי ערפינדלאך. ס׳איז אים איינגעפאלן א פשוטער און געניאלער מיטל צו פארהאלטן די באוועגונגען פון איר וויידל. ער האט איינפאך צוגע-

באלד אין פרילינג, האב איך זיך ערנסט גענומען צו זיין
דערציהונג. נאך פיל מי פון מיין זייט און פיל צרות פון זיין זייט,
האט ער זיך אויסגעלערנט צו לויפן אויף מיין באפעל זוכן אונ-
זער אלטע געלע קו, וואס האט זיך פריי געפאשעט אויף אן אומ-
פארצוימטן פעלד. ווי נאר, ער האט דעם עסק גוט פארשטאנען,
האט ער ליב באקומען זיין נייע באשעפטיגונג. קיין
זאך פלעגט אים ניט פארשאפן אזוי פיל פארגעניגן, ווי
דער באפעל אויסצוזוכן און א היים-טרייבן די קו. ווי
א שטורם פלעגט ער זיך לאזן לויפן, בילנדיק, פון גרויס
פארגעניגן און צושפרינגענדיק הויך, כדי צו באמערקן אויף דער
ברייטער לאנקע זיין קרבן. עטוואס שפעטער פלעגט ער זיך אומ-
קערן, אין א ווילדן גאלאפ פלעגט ער טרייבן די קו פאר זיך
און ניט לאזן צו רו ביז ער פלעגט זי ניט פארשטופן אין דעם
ווייטסטן ווינקעלע פון איר שטאל. אביסל ווייניקער התמדה פון
זיין זייט וואלט געווים ניט געשאדט. פון אנהויב האבן מיר אים
ניט געשטערט. די באשעפטיגונג אבער איז אים געווארן צו ליב.
אן שום באפעלן פון אונזער זייט, פלעגט ער די אלטע קו פאר-
טרייבן פון פעלד אין שטאל, ניט איינמאל און ניט צוויי, גאנצע
צוואנציקן מאל א טאג פלעגט דער הונט אויף זיין אייגענער
אחריות לויפן אויפן פעלד און א היים יאגן די אלטע קו.

ווי נאר עס פלעגט זיך אים פארבינקען נאך א באוועגונג,
אדער ווי נאר ער פלעגט נעפינען א רגע פרייע צייט, איז ער
שוין געשטאן אויף דער לאנקע כדי צו פארטרייבן די אלטע גע-
לע קו מיט א קאטאלעריסטישן גאלאפ אין שטאל אריין.

פון אנהויב, האבן מיר קיין שום אכט ניט געלייגט אויף

דער. ווען בינגא האט זײַן ליבע און צוגעבונדנקײַט צו קו אי-בערגעטראגן אויף די פערד, האט ער, במילא, זיך אפגעזעגנט זיך פון מיר. פון אונזער אלטער פרײַנטשאפט איז גארניט גע-ווארן. דאך אבער, פלעגט ער שפענדיק אין פאל פון נויט. אָנ-קומען צו מיר און איך — צו אים, ביידע האבן מיר געפילט, אז אן אײַנגעווארצלטע און אײַנגעבאקענע פרײַנטשאפט צווישן א מענטש מיט א הונט וועט זי שוין ציען און דויערן דעם גאנצן לעבן.

נאך איינמאל איז בינגא ארויסגעטראטן ווי א פאסטוך פון דער קו. דאס איז געווען אין הארבסט, דעמולט יאר, אויף דעם מארק פון סארבערי. צווישן די פארשיידענע נומערן איז אויך גע-ווען א פריז פון צוויי דאלאר פאר א גוט אויסגעדרעסירט ''קאללי''.

צוגערעדט פון א פאלשן פרײַנט האב איך פארשריבן בינגא אויף דער ליסטע. אין דעם באשטימטן טאג, באלד אינ-דערפרי, האבן מיר ארויסגעלאזט די אלטע געלע קו אויף דער לאנקע נעבן דערפל מארבערי. ס'איז געקומען די צייט, ווען בינ-גא האט געזאלט באווייזן זיינע זעלטענע פעאיקייטן;

איך האב אים געוויזן די קו, וואס האט זיך רואיק געפּאַ-שעט אויפן פעלד און האב געזאגט: — „שטעל זי צו טהער". זעלבסטפארשטענדלעך, זײַנען מיר געווען זיכער, אז ער וועט ברײַנ-גען די קו צו מיר — צום ארט וואו מ'האט באשטימט די פריזן.

איך געוואוינט, צוזאמען מיט מײַן ברודער, אויף דער פערמע דע־חינטאן. אמאל אינדערפרי איז מײַן ברודער אוועקגעפארן צום טײַכל באגנו, כדי צו ברענגען א פור הײַ. גאנץ באגינען איז ער ארויסגעפארן, ווײַל אהין און צוריק איז געוועזן א גוטער טאג רײַזע. דאמאלסט איז געשען עפעס אומפארשטענדלאכעס. ביינגא האט זיך צום ערשטן מאל אין לעבן ניט גערירט פון ארט און איז ניט נאכגעלאפן די פערד. דער ברודער האט אים א פאר מאל צוגערופן; ער אבער האט זיך געהאלטן פון דע־ווײַטנס, קוקנדיק מיט אומעטיקע אויגן אויף די פערד.

פלוצלונג האט ער אויפגעהויבן זײַן נאז און האט אנגעהויבן לאנגזאם, מעלאנכאליש צו וואיען. ער האט נאכגעקוקט דעם, וואגן איז נאך אים נאכגעגאנגען א ביסל און גלײַך זיך צוריק אומגעקערט מיט דעם זעלבן ביטערן וואיען. דעם גאנצן טאג האט ער זיך געהאלטן נאנט פון שטאל. א גאנצן טאג און אן אויפהער האט ער געזונגען אן אמתע קבו ה־ליד. איך בין געוועזן אײַנער אלײן און די מאדנע האלטונג פון הונט האט ארויסגערופן בײַ מיר א שרעקלאכן פארגעפיל פון א נאנטן אומגליק.

ארום זעקס א זײגער איז דער אײַנגעשפארטער, אומאויפהערלאכער וואיען פון ביינגאן געווארן אזוי א מדערטרעגלאך, אז איך האב א ווארף געטאן אין אים מיט וואס ס׳איז מיר אונטערגעקומען אונטער־ן האנט און איך האב אים פארטריבן.

די שרעקלאכע פארגעפילן האב איך אבער פארטרײַבן ניט געקענט.

זײַ, אָבער,—דער הונט און די קו האָבן נאָר אַנדערש פאַרשטאַנען, ניט אומזיסט האָבן זיי אײַנגעקזורט זײַערע ראָלן א גאַנצן זומער. ווי נאָר די אַלטע קו האָט דערזען דעם פאַרהאַסטן הונט, האָט זי פאַרשטאַנען, אז איר אײַנציקער אויסוועג איז דער שטאַל. בינגא איז אויך זיכער געווען אז זײַן אויפגאַבע איז צו פאַרשנעלערן דעם טעמפּ פון איר לויפן אין דער ריכטונג. ווי האָבן זיך געלאָזט איבער דער פּרעריע, ווי א וואָלף נאָך א סאַרנע און זײַנען פאַרשוואונדן פון אונזערע אויגן. מער האָבן שוין די ריכטערס ניט אָנגעזען ניט דעם הונט און ניט די קו, און דעם פּריז האָט באַקומען דער צווייטער קאַנדידאַט, אויך א שאָפהונט, וואָס איז געווען פאַרשריבן אויף דער ליסטע.

---

## .III

ווי איך האָב שוין פריהער דערמאָנט, איז בינגא געווען שטאַרק צוגעבונדן צו די פערד. בײַטאָג פלעגט ער זיי די גאַנצע צײַט נאָכלויפן. בײַנאַכט—פלעגט ער שלאָפן בײַ דעם אַרײַנגאַנג צום שטאַל. צוליב דעם האָט מיר דער פאָלגנדער צופאַל אויסגעוויזן זײַער סודותדיק.

איך בין ניט אָבערגלויביש און האָב קיין מאָל, ביז דעם טאָג ניט געגלויבט אין פאַרגעפילן. דער אומגעווײַנלאַכער צופאַל, וואו בינגא האָט געשפילט די הויפּטראָלע, האָט, אָבער, געמאַכט אויף מיר א שטאַרקן אײַנדרוק. צו יענער צײַט האָב

## IV.

פֿרילינג-צײַט האָב איך זיך גענומען אויף [illegible] צו בינגאָס דערציִהונג און באַלד נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן מיך צו לערנען.

צווישן אונזער וואוינונג און דעם דאָרף טאַרבערי, וואָס איז געלעגן ווײַטער פֿון אונז אויף צוויי מײַל, איז געשטאַנען א גרעניץ-סלופּ, וואָס האָט אָפּגעטײלט אונזערע גיטער פֿון דעם דאָרף. דאָס איז געווען א שטאַרקער דיקער האָלץ, טיף אײַנגעשלאָגן אין דעם שפּיץ פֿון בערגל. דעם סלופּ פֿלעגט מען שוין באַמערקן פֿון דערווײַטנס.

איך האָב באַמערקט, אַז בינגאָ גײט קײנמאָל ניט פֿאַרבײַ נעבן געהײמניספֿולן סלופּ, ער זאָל זיך ניט אָפּשטעלן אים גענוי אַרומצושמעקן. דערנאָך האָב איך זיך איבערצײַגט אַז דעם גרעניץ-סלופּ פֿלעגן באַזוכן אַלע וועלף פֿון דער פּרעריע און אַלע אַרומיקע הינט. מײַנע באַאָבאַכטונגען דורך א דערנענטערונגס-גלאָז האָבן מיר קלאָר געמאַכט דעם ענין און האָבן מיר דערלויבט צו פֿאַרשטײן בינגאָס פּריוואַטן לעבן.

ווי ס׳ווײַזט אויס איז דער סלופּ געווען, לויט א געמײנזאַמען אָפּמאַך, א סיגנאַל-צענטער פֿאַר אַלע מיטגלידער פֿון דער הינטישער און וועלפֿישער משפּחה. דער אויסגעהיטער שאַרפֿער חוש פֿלעגט זיי דערלויבן צו דערשמעקן, ווער פֿון זײערע ברידער

צי וואס האב איך פארלאזן מײַן ברודער שלמהן צו חעל איך אים נאך זען לעבעדיקערהייט? פארשטאנען האב איך, פון דער האלטונג פון הונט, אז עס האט געטראפן עפעס שרעקלאכעס.

די שעה פון צוריקקער האט זיך דערנענטערט און דער ברודער איז געקומען מיטן וואגן. א שטיין איז מיר אראפ־געפאלן פון הארצן. אויסשפאנענדיק די פע״ד האב איך אים שוין גמעט, ווי גלײַכגילטיק א פרעג געטאן:

— אלץ איז אין ארדנונג?

— פארשטײט זיך — האט קורץ געענטפערט דער ברודער. ווער וועט שוין נאך אזא צופאל גלויבן אין פארגעפילן?

אין א צײַט ארום האב איך דאס אלץ דערציילט פאר זו מענשן, א גרויסן מומחה אין אזעלכע געהײמניספולע ערשײנונ־גען; ער האט זיך ערנסט פארטראכט און האט געפרעגט:

— אין א סכנה האלט זיך בינ׳א געבן דירה?

— שטענדיק!

— האסטו ניט וואס חוזק צו מאכן, ווײַל דו ביזט געווען אין א גרויסער געפאר יענעם טאג, דער הונט איז געבליבן און האט געראטעוועט דײַן לעבן, הגם מיר קענען ניט וויסן פון וואס פאר א געפאר.

---

א צווייטן מאל האט ער ארומגעשמעקט דעם פרישן שפור פון א סטעפן-וואלף און האט געבורטס, איך האב עס אזוי פארשטאנען:

—„א שפור פון א סטעפן-וואלף! ער גייט פון דרום און שמעקט מיט א געפנגרטער קו. ס'איז קלאר, די אלטע בלאם איז געפנגרט... ס'איז כדאי געוואר צו ווערן דאס גענויער.

אן אנדער מאל פלעגט ער דרייען מיט זיין וויידל און פלעגט לויפן הין און צוריק. אזוי ארום האט ער געוואלט דערציילן מיר זיין אייגענע שפורן פאר זיין ברודער ביל, וואס האט געוואוינט אין בראנדען. דעריבער איז דאס גאר קיין צופאל געווען, ווען זיין ברודער ביל איז אין א שיינעם פרימארגן געקומען צו בינגא און מיט אים אוועק אין די בערג. ווא זיי האבן געהאט א יום-טובדיקע סעודה ביי דער געפנגרטער קו.

אן אנדער מאל פלעגט די ידיעה פון דער סיגנאל-סטאנציע ארויסרופן ביי בינגא א גרויסע אויפרעגונג און ער פלעגט לויפן צו אן אנדער סטאנציע נאך קלארערע ידיעות.

אמאל פלעגט ער זיך טיף פארטראכטן, פונקט ווי ער וואלט געוואלט זאגן:—„ווער האט עס דא געקענט ? זיין אדער אדער גאר:—„איך בין כמעט ווי זיכער אז מיט דעם פארשוין האב איך זיך נאך פאראיארן באקאנט.“

אמאל פארטאג, ווען בינגא איז צוגעגאנגען צום סלופ, האט ער געטומען ציטערן אויפן גאנצן לייב, זיינע האר האבן זיך ביי

איז געווען דער לעצטער ביי דעם סלופ. ווען ס'איז אויסגעפאלן דער ערשטער שניי האב איך אנטדעקט נאך מער. דער סלופ איז געווען נאר אן איינצעלנער פונקט פון א גאנצע רייע פון סיגנאל־סטאנציעס, וואס זיינען צעווארפן איבער דער גאנצער געגנט. א סלופ, א שטיין, אן אלטער בופלאקס־שארבן האבן געדינט פאר א סיגנאל־סטאנציע. אזא מין איינארדנונג איז געווען זייער באקוועם, כדי צו באקומען און פארשפרייטן פארשיי־דענע ידיעות.

יעדער הונט און יעדער וואלף האלט פאר זיין חוב צו באזוכן אלע סטאנציעס, וואס ליגן אויף זיין וועג, כדי געוואר צו ווערן ווער איז דא געווען פאר אים, פונקט אזוי ווי א מיט־גליד פון קלוב ווערט נאך אין דעם פארשרייב־בוך די נעמען פון די באזוכערס.

למשל, נים איינמאל פלעגט ביניא צוגיין די סלופ, ארומקוקן און ארומשנארכן די ערד. פלוצלונג פלעגט ער אנ־הייבן צו ברומען, אויפשפיצנדיק די אויערן און פינקלענדיק מיט די אויגן. דערנאך פלעגט ער לאנגזאם אוועקגיין ארומקוקנדיק זיך יעדער ווייל און בילנדיק בייז.

מ'זאל עס איבערגעבן אין א מענשלאכער שפראך וואלט עס געקלונגען: —גר־ר־ר־ר־ר! וו־א־וף! דא איז ווידער געווען דער נישטיקער הונט פון מאק־קארט! איך וועל אים שוין אנ־לערנען היינט ביינאכט. וואוף, וואוף!

# V.

אין הארבסט 1884-טן יאר האבן מיר פארלאזן די פערמע דעווינטאן און בינגא האט געמוזט איבערטראגן זיין וואוינונג: פון מיין שטאל האט ער זיך איבערגעצויגן אין דעם שטאל פון אונזער שכן גארדאן רייטער.

שוין פון די ערשטע טעג פון זיין יונגט האט זיך בינגא, בפירוש, אפגעזאגט צו זיין אין א שטוב, סיידן אין צייט פון א גרויסן שטורעם. א טיפער פחד פאר א דונער און פאר א פייער-שיסנדיקן געווער איז געווען איינגעקוואצלט אין זיין נשמה. איך בין זיכער, אז די סבה פון זיין שרעק האט געשטאמט פון אן אומאנגענעמען צופאל מיט אזא געווער. זיין געלעגער איז געווען, אפילו אין די גרעסטע פרעסט אויסערן שטאל. אזוי ארום האט ער געהאט די פולע פרייהייט צו גיין ביינאכט וואוהין ער פלעגט אליין וועלן.

ער פלעגט ביינאכט שפאצירן איבער די פעלדער, אויף גאנצע מיילן ווייט פון אונזער הויז. דערצו האבן מיר געהאט גענוג באווייזן. די פערמערס פון ווייטע נימער האבן גע־ווארנט גארדאנען, אז זיי וועלן באנוצן געווער, אויב ער וועט נים איינהאלטן זיין הונט ביינאכט אין שטוב. בינגאס שרעק פארן פייער-שיסנדיקן געווער האט באוויזן, אז דאס זיינען נים געווען קיין פוסטע רייד.

אים קאפויער געשטעלט, דער חזירל האט זיך ארויפגעלאזן (דער בעסטער סימן פון אינערלעכן שרעק). מער איז ער שוין ניט נאכגעגאנגען דעם שפור, ער איז גלייך אוועק א היים און נאך לאנג זיינען זיינע האר אויסגעשפיצט געווען און דער בליק האט שנאה און שרעק אויסגעדריקט.

איך האב אויסגעפארשט דעם שפור; דאס האט אים אנגע- שראקן, איך האב זיך דערוואוסט אז זיין שפילער צימערדיקער: „גר—ררררר! וואלף!" האט אויף זיין לשון באדייט: וואלד-וואלף!".

אט דאס זיינען די פאר לעקציעס וועלכע איך האב בא- קומען ביי בינגאָ. שפעטער, ווען איך פלעג זען, ווי ער שטייט אויף פון זיין קאלטן געלעגער, שיט ארויס דעם שניי פון זיין צושויבערטן פעלצל אויסצוגריבן זיינע גלידער און די קרום פאר- שוואונדן אין דער פינסטערניש פון דער נאכט מיט זיין גלייכן, שנעלן טריט פלעג איך טראכטן:

—אהא, אלטער כלב! איצט ווייס איך שוין, פארוואס דו אנטלויפסט און ווילסט ניט נעכטיקן אין שטוב! איך פארשטיי אויך, פארוואס זיינען דיינע נאכט-שפאצירן אזוי אויסגערעכנט און פון האנען דו ווייסט וואוהין צו גיין, כדי צו געפינען וואס דו זוכסט.

———

בינגא איז ליבלאך צוגעלאפן צום וואלף און האט אים א לעק געטאן אין מויל.



2. בינגא און די וועלפין.

מיר זיינען איבערראשט געווארן און אנגעהויבן צו העצן דעם הונט אויפן וואלף, אלע אונזערע געשרייען האבן נאר די ווירקינג געהאט אז דער וואלף איז אנטלאפן און בינגא נאך אים. זיין מאדנע, פריינטלאכע האלטונג בנוגע דעם וואלף, האט זיך פשוט געווארפן אין די אויגן. ענדלעך האב איך א געשריי גע-טאן, באשטראלט פון א נייעם געדאנק:

—„דאס איז דאך א וועלפין, ער וועט איר ניט טאן קיין שום שלעכטס.“ —מיר האבן אפגערופן דעם איינגעשפארטן הונט און מיר זיינען אוועקגעפארן ווייטער.

א מענש, וואס האט געוואוינט העט—וויים, אין טאל האט דערציילט, אז געזעהן האט ער אין א ווינטער־נאכט, ווי א גרויסער שווארצער וואלף האט דערשטיקט א סטעפּן־וואלף. שפּעטער האט ער זיין מיינונג געענדערט און האט חושד געווען, אז דער שווארצער וואלף איז ריימערס הונט.

ווי נאר עס פלעגט ערגיץ פאלן א קו אדער א פערד, פלעגט שוין בינגא אויף א מארגעם אופן וועגן דעם גלייך וויסן. קומענדיק אויפן ארט פלעגט ער אפטרייבן די סטעפּן־יזעלף און אנפרעסן זיך צו זאט און א מאס.

אפט פלעגט די סבה פון זיינע נאכט־שפאצירן זיין די ליבע צו א שכנותדיקער צויג. איינער האט אפילו פארזיכערט, אז געטראפן האט ער א וועלפין מיט דריי וועלפעלאך, שווארצע און גרעסערע פאר איר, זיי האבן געהאט ווייסע רונגען ארום מויל, הגם זיי זיינען געראטן געווען צו זייער מוטער.

אויף וויפיל דאס איז אמת געווען, קען איך ניט זאגן. איך דערמאן זיך, אז מיר זיינען אמאל שפּעט אין מערץ געפארן אויפן שליטן איבערן פעלד. דער טרייער בינגא איז אונז נאכגעלאפן. פלוצלונג איז פון חעלדל ארויסגעשפרונגען א וואלף. בינגא האט אים נאכגעיאגט. מ׳האט אבער באמערקט, אז דער וואלף באמיט זיך אפילו ניט צו אנטלויפן. אין א ווייַלע ארום האט אים בינגא דעריאגט, און מאדנע, קיין שום צוזאמענשטויס איז צווישן זיי ניט פארגעקומען.

מאַן געקומען צו זיין בעלעבאָס א זובלוסיקסער און איז גע-שטאָרבן ביי זיין שיועל האָב איך געשוואָרן צוזאַמען מיט מיין פריינט נוקם זיין פאַר זיין טויט. אַלע מיטלען האָב איך אנגע-ווענדעט, כדי צו געפינען זיין מערדער.

איך האָב פאַרבקליינט א גרויסע בעלוינונג און האָב גע-זוכט בסתיון. ענדלעך איז קלאָר געוואָרן, אַז אין דעם בלוטיקן טאָט איז פאַרמישט איינער פון אונזערע דריי שכנים. בסתיון האָב איך געהאַט צענגע און איך האָב זיך געגרייט אַנצוקלאָגן דעם שלן אין געריכט פאַר דעם מערדערישן טאָט.

דאַמאָלסט איז עפּעס געשען, וואָס האָט אינגאַנצן איבערגעקטוישט מיין מיינונג און איך האָב אויפגעהערט צו זען אין מאָרד פון הונט אַזאַ שרעקלעכן פאַרברעכן.

גאַרדאָן רייטס פערמע איז געלעגן אויף דרום פון אונז. אַמאָל, ווען איך בין געקומען באַזוכן די פערמע, האָט ער יונ-גער גאַרדאָן, וואָס האָט געוואוסט, אַז איך זוך אַרום טאָגס מערדער, מיך אָפּגערופן אין א זייט און איינגערוימט אין אויער:

—״בינגא איז טאָגס מערדער.״

מיט דעם האָט זיך די זאַך געענדיקט. איך בין זיך מודה און מתודה, אַז פון דער צייט אָן האָב איך זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צו פאַרגעסן דעם ענין.

שוין לאַנג האָב איך מיין הונט אוועקגעשאַנקען רייטן. אין האַרצן אָבער, האָב איך געהאַט צו אים א געפיל פון א

פון דער צייט אן זיינען מיר געווען לאנגע וואכן אויסגע-
שטעלט אויף די דרייסטע אנפאלן פון דער וועלפין. זי האט
געשטיקט אונזערע הינער, געגנבעט שטיקער פלייש פון אונזערע
שפייכלערס און געשראקן אונזערע קינדער, ווייטנקוקנדיק חוצפהדיק,
אין די פענסטער בעת שנייער שטורעמס. סוף כל סוף האט
מען דערשאסן די חיה און ביינאכט אוועקגעטראגן די אליווערן,
וואס האט פארשאנדן דעם סאד, האט געקויפט בשוויון זיין ליבע
צו דער געהרגעטער וועלפין.

---

### VI.

ס'איז א וואונדערבארע און שיינע דערשיינונג — די פריינט-
שאפט צווישן א מענטשן מיט א הונט. גוטער דערציילט פון אן
אלטן איינביאנקע־שמאס און דעם יונגן דרום. דער שמאס איז
אומגעקומען נאר צוליב א פרייטס, וואס איז אנגעשטאנען דער-
פון, וואס איין מאנליר פון דעם שמאס האט דערהרגעט א
הונט פון זיין שכן. אפילו צווישן אונז מקנאים זיך ניט אמאל
שרייבן, וואס באשטעטיקן דעם אלטן שפריך: „האסט מיך
ליב האב ליב מיין הונט!" איינער פון מיינע שכנים האט געהאט
א פראכטפולן הונט. ער האט אים ליב געהאט, ווי אן אייג אין
קאפ. דער שכן איז געווען מיין פריינט — דערפאר האב איך ליב
געהאט אויך זיין הונט. ווען אמאל איז דער פרייסער הונט



3. בינגאָ היט אָפּ די סעודה.

באלעבאס. אונזער געטרייע פריינטשאפט האט זיך באשיינפערלעך ארויסגעוויזן אין א סך פאלן.

גארדאן מיט אליוערן זיינען געווען נאנטע פריינט און שכנים. זיי האבן אפגעמאכט צווישן זיך צו האקן האלץ אין וואלד און האבן צוזאמען געארבעט ביז שפעט אין ווינטער. דא־מאלסט איז געפאלן אליהערס אלטע קליאטשע. כדי ארויסצו־ציען פון איר פוים וואס פאר א ס'איז נוצן פאר זיך, האט אליוער ארויסגעשלעפט די געפגרטע קליאטשע אין פרעריע אנפילנדיק איר מיט סם פאר וועלף. ארימער ביננא! ער האט זיך ניט געקענט אפגעהאלטן פון זיינע וועלפישע מדות, הגם זיי פלעגן אים ארײנשלעפן אין אמת וועלפישע צרות.

פון שטענדיק אן איז ער, ווי אלע פארשטייערס פון דעם ווילדן שטאם געווען א גרויסער בעלן אויף פערדן-פלייש. גלייך אין דער זעלבער נאכט האט ער באזוכט מיטן הונט קערלי, וואס האט אויך געהערט אליווערן, די געפגרטע קליאטשע. ווי עס וויזט אויס האט ביננא אפגעהיט בלויז די סעודה און איז געשטאנען פון דערווייטן, אין דער צייט ווען קערלי האט זיך אנגעפרעסן אן א מאס. די שפורן אויפן שניי האבן קלאר אי־בערגעגעבן די גאנצע געשיכטע פון דער סעודה—דער שרעקן ווען דער סם האט אנגעהויבן צו ווירקן, דעם ווילדן אנטלויפן פון די הינט און די צרות פון דעם ארימען קערלי, וואס האט זיך קוים דערשלעפט א היים און איז אין קראמפן און אי אין שווערע ליידן געפאלן ביי אליווערס פיס.

## .VII

מײַנע פּליכטן האָבן מיך אַוועקגעריסן פֿון מאַניטאָך אויף גאַנצע צוויי יאָר. ווען איך בין אין 1886־טן יאָר צוריקגעקומען, איז בינגאַ נאָך אַלץ געווען אַ מיטגליד פֿון רייטס הויז, איך האָב געמײנט, אַז פֿאַר די צוויי יאָר האָט ער מיר שוין פֿאַרגעסן. אַ געלעכטיקער טאָג! באַלד אין אָנהייב ווינטער איז ער נעלם געוואָרן אויף גאַנצע צוויי מעת־לעת. דערנאָך איז ער געקומען מיט אַן אָפּגעקלעמטן פֿוס, שלעפּנדיק מיט זיך אַ וואָלפֿן־קאַפּקאַן מיט אַ הילצערנע ברעט. זײַן פֿוס איז פֿאַרשטאַרט געווען, ווי אַ שטײַן, ער איז געווען צורײַצט, אַז קײנער האָט ניט געוואָגט צוצוטרעטן צו אים, דאַמאָלסט בין איך, דער פֿרעמדער אַצינד, צוגעגאַנגען צו אים. איך האָב זיך אײַנגעבויגן און אָנגעכאַפּט מיט אײן האַנט דעם קאַפּקאַן מיטן צווײטן דעם פֿוס ווילד האָט ער זײַנע צײן אַרײַנגעלאָזן אין מײַן האַנט. ניט רירנדיק זיך פֿון אָרט, האָב איך שטיל אַ פֿרעג געטאָן:

— בינגאַ, דערקענסט מיך ניט מער?

זײַנע צײן האָבן נאָך ניט באַוויזן אָנצוכאַפּן טיף מײַן האַנט — ער האָט אָפּגעלאָזן מײַן האַנט און האָט מיר דערלויבט אַראָפּצונעמען דעם קאַפּקאַן, הגם ער האָט ניט אויפֿגעהערט צו וואָיען און צו ברומען. ניט קוקנדיק, וואָס ער איז ניט געווען בײַ מיר און האָט מיך גאַנצע צוויי יאָר ניט געזען, האָט ער דאָך דערקענט אין מיר זײַן באַלעבאָס. און איך האָב אויך געפֿילט, אַז

—„ווילסט זײַן מײַן פֿרײַנט,—זײַ א פֿרײַנט פֿון מײַן הונט“.

ס'האָבן ניט געהאָלפֿן קײַן שום דערקלערונגען און ענטשולדיגונגען. אומזיסט האָט גא־דאָן פֿאַרזיכערט די רײַנע צופֿעליקײַט פֿון דער זאַך, די אַלטע שנאה צווישן בינגא און אליהערן האָט געוואָרפֿן א פֿאַרדעכטיקן שאָטן אויף די סבות פֿון קערלים טויט.

דער אָפּמאַך צווישן די שכנים איז צוניכט געוואָרן, די פֿרײַנדלאַכע באַציהונגען איבערגעריסן און עד היום דויערט צווישן זײ די הײַסע שנאה, וואָס איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך קערלים נסיפה.

לאַנגע חדשים זײַנען פֿאַרבײַ, איידער בינגא איז צו זיך געקומען פֿון דער ווירקונג פֿון סם. א צײַט זײַנען מיר שוין ווי־בער געזען, אז קײַנמאָל וועט ער שוין ניט קומען צו זײַן געוועזענער קראַפֿט און פֿרײלאַכקײַט.

ס'איז געקומען דער פֿרילינג און, ווען דאָס גראָז איז אויסגעוואַקסן, איז בינגא פֿול מיט פֿרישן כח און לעבנסלוסטיקײַט, געווען דער שטאָלץ פֿון זײַנע פֿרײַנט און דער שרעק פֿון זײַנע שונאים.

———

געגראָבענע קאַפּקאַנעס שטעלט מען אויס אַרום אַ פגר. זיי ווערן אײַנגעשטמירט אין הילצערנע ברעטער. כּדי אינגאַנצן זיי צו באַהאַלטן פון די חיות, באַשיט די מען די ברעטער מיט בלעטער און זאַמד.

אין איין קאַפּקאַן איז אַרײַנגעפאַלן אַ סטעפּן-חאָלף. איך האָב אים דערהרגעט מיט מײַן שטעקן און אָפּגעוואָרפן אין אַ זײַט. דערנאָך האָב איך אויפכנײַ פאַרריכט און צוגעגרייט דעם קאַפּקאַן, ווי איך פלעג דאָס טאָן הונדערטער מאָל. באַמער-קנדיק אין דערנאָנט אַ הײַפל זאַמד, האָב איך אַרײַנגעשטעקט אַהין מײַן האַנט, כּדי אַביסל צו נעמען.

אַ סאָרט שלימזלדיקער אײַנפאַל, סאָרט אומפאָרזיכטיקײַט דאָס איז געווען! דער זאַמד האָט צוגעדעקט דעם נאָנטסטן קאַפּקאַן און אין איין אויגנבליק האָט ער זיך פאַרהאַקט. פאַר-וואונדערט בין איך ניט געווען, ווײַל מײַנע קאַפּקאַנעס זײַנען צײַנער און מײַן גראָבע הענטשקע האָט אָפּגעשוואַכט דעם קלאַפּ. דער שטאָלענער קאַפּקאַן האָט פעסט צוזאַמענגעקוועטשט מײַן האַנט און האָט מיך צוגעשמירט צום אָרט. איך האָב זיך באַמיט צו זײַן ווי ווײַט מעגלעך קאַלטבלוטיק. מיט דער רעכ-טער האַנט האָב איך געפרובט ווכן דעם שליסל, פון פאַלמירל, וועלכן איך האָב געלאָזט ליגן אויף דער ערד אין אַ פּאָר טריט פון דער פּאַל-גרוב.

ער איז מײַנער, הגם די רעכט אויף אים האָב איך אָפּגעטראָטן אַ צווייטן.

קעגן זײַן ווילן, האָט מען טרײַנגעטראָגן בינגאַן אין שטוב, דאָרט איז זײַן געפֿראָרענע פּיס אָפּגענאַגנען. פונדעסטוועגן האָט ער נאָך געהונקען בײַן סוף ווינטער און צוויי פֿינגער זײַנען אים, סוף כּל סוף, אָפּגעפֿאַלן. דאָך איז ער נאָך פֿאַ״ן פֿרילינג גע־וונט געוואָרן און אַ פֿרעמדער וואָלט שוין ניט געקענט באַמערקן קיין שום צייכנס פֿון שטאָלענעם קאַפּקאַן.

———

# .VIII

דעם זעלבן ווינטער האָב איך געכאַפּט אַ סך וועלף און פֿוקסן. ביז שפּעט אין פֿרילינג האָב איך צושטעלט די קאַפּקאַנעס, ווײַל דער פּרײַז פֿאַר די ווילדע חיות איז גרויס אַלע מאָל, אַפֿילו ווען זייער פֿוטער איז אין פֿרילינג ניט אַזוי געדיכט.

דער מאָל סקענעדרוי איז זעלטן באַזוכטעם געווען צו פֿאַל־גרײַבער. מענשן האָבן דעם מאָל כּמעט, ווי ניט באַזוכט. ער איז געלעגן צווישן דאָרף און אַ געדיכטן וואַלד. דאָ פֿלעגט מיר אַלע מאָל געלינגען צו זוכטן. איין מאָל, סוף אַפּריל, בין איך אַרויסגעפֿאָרן אין טאָל. די קאַפּקאַנעס זענען געמאַכט פֿון שווערן שטאָל. יעדער פֿון זיי האָט צווײַ פּרוושינקעס בײַדע צו הונדערט פֿונט די קראַפֿט. צו פֿיר

„וואס וועט איצט זיין מיט מיר? דערפרוירן צו ווערן האב איך ניט מורא געהאט: ס'איז שוין געווען נאך די גרויסע פרעסט. די צרה אבער, וואס דער מאל קענען פלעגט ניט בא־וואכט ווערן פון מענשן, אייסער די האלץ-העקער אין ווינטער. קיינער האט ניט געוואוסט וואוהין איך בין געפארן און אויב איך וועל זיך ניט באפרייען אליין וועט מיר אייסקומען אומקו־מען פון וועלף אדער שטארבן פון הונגער.

אזוי בין איך געלעגן. די בלוט-רויטע שטראלן פון זון זיינען פארגאנגען הינטער דעם וואלד אויף מערב זייט פון דעם טאל. א קליין סטעפּן-לערכע האט אנגעהויבן צו זינגען איר לידעלע זיצנדיק אויף דעם גאנסטן שטרויך, ווי זי פלעגט זינגען אלע טאג ביי די טירן פון אונזער וואוינונג.

די האנט האט אנגעהויבן ווי צו טאן ביין עקסל. א טוי־טע קעלט איז מיר באפאלן. פונדעסטוועגן האב איך נאך בא־טראכט די לאנגע פעדערן, וואס האבן באפוצט דעם לערכעס אויערן. דערנאך זיינען מיינע געדאנקען אוועקגעפלויגן צום האר־ציקן אונזער טיש פון רייט גארדאן. איצט, האב איך געטראכט, קלאפט מען דארט... איצט זעצט מען זיך שוין צום טיש...

מיין פערד איז נאך אלץ געשטאנען דארט, וואו איך האב אים געלאזן שטיין און האט אויף מיר געדולדיק געוואַרט. ער

אויסציִענדיק זיך אין דער לענג, בין איך לאנגזאם נע־קראכן צו אים מיטן פנים אראפ, שארנדיק מיט דער פרײַער האנט און אויסציִענדיק, ווי ווײַט מעגלעך, די געפאנגענע האנט.

אין אזא לאגע האב איך ניט געקענט גלײַכצײַטיק אי קוקן, אי שפירן. די גאנצע האפענונג האב איך געלײגט אויף די פילבארקײט פון מײַנע פוס־פינגער. מײַן קלײנעם אײַזערנעם אויסלײזער האב איך געהאלטן צו דערפילן מיט די פוס. מײַן ערשטער פרוב האט מיר ניט געלונגען. וויפיל איך האב זיך ניט געצווינגן, האט מײַן פוס גאר דערשפירט אונטער זיך קײן מעטאל.

פאמעלעך האב איך זיך געדרײט ארום מײַן געפאנגענער האנט, גאר ווײַטער האב איך קײן מאל ניט געטאן. איך האב געמערקט, אז איך האב זיך צופיל אפגעדרײט אויף מערב און האב אנגעהויבן אויפסנײַ צו שפירן מיט די פוס. אזוי בין איך פארנומען געווען, אומזיסט ארומשארנדיק זיך מיט מײַן רעכטער פוס, האב איך די לינקע גאר ארויסגעלאזן פון זינען. מיט אמאל האט זיך דער שטאלענער קינבאנק פון דרײַ! קאפקאן פארקלאפט ארום מײַן לינקער פוס.

ניט גלײַך האב איך פארשטאנען מײַן שרעקלעכע לאגע. איך האב זיך ניט געקענט אויסלײזן ניט פון אײן קאפקאן און ניט פון דעם צווײטן, אזוי בין איך געלעגן אויסגעצויגן אין מײַן גאנצער לענג, פעסט צוגעשמידט צו דער ערד.

וואיעט א וואָלף... דער פֿערד האָט אָנגעשפּיצט די אויערן און האָט זיך דערנענטערט צו מיר אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ.

איצט האָט שוין געוואיעט אַ צווייטער וואָלף, דערנאָך אַ דריטער און איך האָב פֿאַרשטאַנען אַז זיי קלייבן זיך ערגיץ אין דער נאָענט. איך בין געלעגן מאַכטלאָז אויסגעצויגן אויף דער ערד און האָב זיך אַליין געפֿרעגט, צי האָב איך ניט פֿאַרדינט זיי זאָלן מיר צערייסן אויף שטיקער. איך האָב געהערט זייער וואיען און איך האָב נאָך אַלץ ניט באַמערקט, אַז נעבן מיר דרייען זיך טונקעלע נעגלדיקע געשטאַלטן. דער פֿערד האָט זיי באַמערקט און זיין שנאָרכן האָט זיי פֿאַריאָגט אויף אַ רגע. באַלד האָבן זיי זיך דערנענטערט אויפֿסניי און האָבן זיך אויסגעזעצט אויפֿן טאָל.

איינער פֿון זיי, אַ מער דרייסטערער, איז צוגעגאַנגען צו זיין דערה־נעטן קרוב און האָט זיך גענומען צו אים. איך האָב אַ געשריי געטאָן. ער איז אַוועק מיט אַ ברילן. דער פֿערד איז אין שרעק אָנגעשפּרונגען אין אַ זייט. באַלד איז דער וואָלף צוריקגעקומען מיט נאָך צוויי, דריי וועלכע. זיי האָבן אַוועקגעשלעפּט דעם פּגר און האָבן אים גלייך אויפֿגעפֿרעסן. דערנאָך זיינען זיי צוריקגעקומען, האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום מיר און איינגעקוקט מיר אין פּנים מיט חוצפּהדיקע העזות. איין חאָלף האָט אַרומגעשמעקט מיין ביקס און האָט עס באַשמוצט. אמת, ער איז גלייך אַוועק, ווי נאָר איך האָב אים דערלאַנגט אַ קלאַפּ מיט מיין פֿרייער פֿוס.

האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, פֿאַר וואָס איך זוים מיר אַזוי לאַנג. איך האָב אים אַ רוף געטאָן. ער האָט אויפֿגעהערט צו צופּן די גראָז און האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ שטומער פֿראַגע אין די אויגן. ווען ער וואָלט אַ חיים געקאָנט! דער לײַדיקער וואָל וואָלט שוין דערקלערט, אַז מיט מיר איז עפּעס אַ סבה. מ׳וואָלט מיר שוין געוויס צו הילף געקומען. דער געטרײַער פֿערד, האָט שטרענג פֿאַרשטאַנען זײַן פֿליכט. אַ שעה נאָך אַ שעה איז פֿאַרבײַ, מײַן פֿערד האָט אויף מיר געוואַרט און איך בין אויס־געגאַנגען פֿאַר הונגער און קעלט.

דערנאָך האָב איך זיך דערוואוסט, ווי ס׳איז פֿאַר־בלאָנדזשעט געוואָרן און וואָלר דער אַלטער יעגער ז ש י ר ו ערשט אין אַ יאָר אַרום האָבן זײַנע חברים געפֿונען זײַן סקעלעט מיט אַן אײַנגעקלעמטן פֿוס אין קאַפּקאַן. איך האָב געוואָלט טרעפֿן, וועלכע מזל פֿון מײַן קלײַדונג וועט העלפֿן מיך צו דערקענען. דערנאָך איז מיר אײַנגעפֿאַלן אַ נײַער געדאַנק: „פּונקט דאָסזעלבע מוז דאָך פֿילן אַ וואָלף, ווען ער פֿאַלט אַרײַן אין אַ קאַפּקאַן!“

אַ וויפֿיל צרות איך האָב שוין פֿאַרשאַפֿט אַנדערע אויף מײַן לעבן! איצט איז געקומען די שעה [פֿון געדעכטן שטראָף.

לאַנגזאַם איז צונעפֿאַלן די נשמה. ערגיץ ווײַט האָט גע־

—„ניין בינגא, דעם שליסל!״

איצט האט ער מיר געבראכט מיין גארטל. סוף כל סוף האט ער מיר געבראכט דעם שליסל און האט אנגעהויבן צו דרייען מיטן ווידל פאר גרויס שמחה, וואס ער האט געטראפן מיין מיין.

מיט גרויז: מי האב איך אפגעשלאסן מיט דער פרייער האנט דעם פאל-טירל. דער קאפקאן האט זיך געעפנט איך האב באפרייט מיין האנט און אין א ווייל ערום בין איך שוין געווען פריי. בינגא האט צוגעפירט מיין פערד. איך האב געמוזט זיך פריהער אדורכשפאצירן א פאר מאל א הין און צוריק, איידער כ'האב געקענט ארויפשטייגן אויפן פערד.

מיר זיינען אהיים געפארן פריהער לאנגזאם, דערנאך אין א שנעלן גאלאפ. בינגא איז געלאפן פאראויס מיט א הויכן נצחון-בילן.

אין שטוב האב איך זיך דערוואוסט, אז בינגא האט זיך דעם גאנצן אונטן מארגן אויפגעפירט. אומרואיק געוואויקעט און האט נים אויפגעהערט צו קוקן אויפן וועג. ווען ס'איז צוגעפאלן די נאכט, איז ער אוועק, נים קוקנדיק, אויף אלע באמיהונגען

וואָס שפעטער איך פלעג ווערן—אַלץ חוצפּהדיקער זײַנען געוואָרן די חיות. ווײַטער אַנפירער איז אַזוי נאָנט צוגעגאַנגען צו מיר, אַז ער האָט מיר געברומט גלייך אין פּנים. אַלע וועלף האָבן אָנגעהויבן צו וואיען און האָבן זיך געשפּאַרט אַרום מיר.

איך האָב זיך געגרייט צום געראַנק אַז אין אַ ווײַלע אַרום וועלן די צובושעוועטע חיות מיך צורײַסן.

פּלוצלונג איז פון דער פינסטערניש אַרויסגעשפּרונגען אַ גרויסער שוואַרצער וואָלף. די וועלף זײַנען זיך צולאָפן, ווי בלעזעלאַך אויפן ווינט. געבליבן איז נאָר דער דרײַסטער, דער שוואַרצער ריז האָט אים אומגעוואָרפן און האָט אים דערוואָרגן.

דערנאָך— אַ שרעק איז מיר באַפאַלן—די גרויסע חיה האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר—און בינגאָ, מײַן געטרײַער בינגאָ, האָט זיך געריבן אָן מײַן אַקסל מיט זײַן צושויבערטן קאָפּ און האָט געלעקט מײַן קאַלטן פּנים.

—„בינגאָ, בינגאָ, אַלטער חבר, ברײַנג מיר דעם שליסל פון פאַנג סירל"

ער איז גלײַך אוועק און האָט מיר געבראַכט מײַן ביקס, ווײַל האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז דאָס נויטיקסטע, וואָס איך קען ברויכן.

מיינער—טיף אין הארצן ביז אין טויט, האט ער געזוכט מײַן הילף אין דער שעה פון פארצווייפלונג, אין דער שעה פון טויט און יסורים און שרעק. ער האט זי אבער ניט געפונען.



4. בינגאם טויט

אים איינצוהאלטן. געפירט דורכן וואונדערבארן חוש, איז ער, געקומען פונקט צו דער צייט, כדי נוקם צו זיין זיך פאר מיר און אויסצולייזן מיר פון מיין שווערער לאגע.

—טרייער, אריטער בינגא, א מאדנע בריאה ביזטו געווען!

—ער האט מיך ליב געהאט, נאר באלד צומארגנס איז ער פארביי געלאפן נעבן מיר. פונקט ווי ער וואלט מיר ניט געזען, ער איז אוועק מיט רייטס קליינעם זון אויפן געיעג.

אזוי איז ער שוין געווען ביזן סוף. ער האט זיך ניט געקענט אנטזאגן פון די וועלפישע מדות צו פארצוקן יעדן פגר.

איינמאל האט ער געפונען א געפגרטע קו, אדער א פארסמטע, ער האט זיך אנגעגעסן ווי א וואלף נאכדעם האט ער דערשפירט די יסורים פון טויט. דאס דערשפירנדיק, איז ער אוועק ניט אהיים, נאר צו מיר. צו דער טיר פון דער קליינער הייזל, וואו ער האט געמיינט מיר צוטרעפן איז ער צונעקראכן.

דא האב איך אים צומארגנס געפונען טויטערהייט אויפן שניי. זיין קאפ איז געלעגן אויפן שוועל פון טיר, וואו ער האט פארבראכט זיין יוגנט.

# ביאַליסטאָקער פאַרלאַג „דאָס בוך“.

## ס'איז אַרויס פֿון דרוק:

| | | |
|---|---|---|
| 1 | יעקב פאַט. | משה (צווייטע אויפלאַגע) |
| 2 | ״ | יריחו ״ ״ |
| 3 | ״ | גדעון ״ ״ |
| 4 | ״ | יפתח ״ ״ |
| 5 | ״ | שמשון ״ ״ |
| 6 | סאַניע קאַנטאָר. | אין דער מלוכה פון מוראַשקעס און שוואָמען. |
| 7 | טאָמפּסאָן-סעטאָן | װילבערפלעק, אַ געשיכטע פון אַ קראָ. איבערזעצט דורך סאָניע קאַנטאָר. |
| 8 | ״ | לאָבאָ, דער קיניג פֿון קורומפּאָ |
| 9 | ״ | בינגאָ, אַ געשיכטע פון אַ הונט |
| 10 | ״ | קיניגין אַנאַסטאַלאַן, אַ געשיכטע פון אַ קאַץ. |
| 11 | ״ | דער צורימענער אויערל, אַ געשיכטע פֿון אַ האָז. |
| 12 | ״ | װאַלי דער שעפּסנהונט |
| 13 | ״ | דער נאַסן-זינגער, אַ געשיכטע פון אַ װאָראָבײ |
| 14 | ״ | מוסטאַנג דער פּאַסנייער |
| 15 | ״ | יאַבים-בער |
| 16 | ״ | דער זילבערנער פוקס |
| 17 | ר. קיפּלינג. | דער קליינער העלפאַנד |
| 18 | ״ | װי אַזוי דער לעמפּערט האָט באַקומען פלעקן אויף זיין הויט. |
| 19 | קאַראָלענקאָ | אַן אַ לשון, איבערזעצט פֿון פסח קאַפּלאַן |
| 20 | קוק און פּירי | די אַנטדעקונג פון געהיימען פּאָל, איבערז. פון קאַמינקאָווסקי. |
| 21 | ס. מעטש | אַ מעת לעת אויפן אינזל ציילאָן, איבערזעצט פון ז. גראָסמאַן. |

## ס'דרוקט זיך:

| | | |
|---|---|---|
| 22 | פּושקין | װי אַזוי האָט מען געבויט דעם זעגל־שיף אַזאָף |
| 23 | ס. מעטש | סאַבאַראָ |
| 24 | נעטשאַיעװ | די אונטערערדישע כחות |
| 25 | בילאַנדיע | די מאַרטירער פֿון דער װיסנשאַפט |
| 26 | י. גאַרדין. | פ. לאַסאַל (ביאָגראַפיע) |
| 27 | לאַנגערלויף | אַ רייזע אויף גענז |

## ס'גרייט זיך צום דרוק:

| | | |
|---|---|---|
| 28 | דיקענס. | דאָמבי און זון |
| 29 | — | ראָבינזאָן קרוזאָ |
| 30 | ביטשער סטאָו | אַנקל טאָם קעבין |
| 31 | בעלשע | דער װילדער מענש |

---


סיט באַשטעלונגען זיך װענדן:

**Białostockie Wydawnictwo „Książka“**

**Białystok, ul. Sienkiewicza № 19.**

Drukarnia Prużańskiego Białystok.